קליינע ביבליאָטעק „ליריק״.

א. קושניראָוו

# ווענט

מלוכע-פֿאַרלאג, ייִדסעקציע
קיִעוו — 1921.

## טייערער ארקע!

...אף זוניקע וויזן פון איקראינער פעלדער האט מיט אונזערע קינדערשע טעג א שטארקן שפיל געטאן די פארפירערישע שטילקייט. נויטלאז, קימאט ניט באצוואונגען — וואס נאך דארף די ערשטע אנקוקעניש מיט וועלט.

און ארום איז דאס לעבן געגאן און אונטערגעגאן. און א בינקשאפט, וואס האט זיך ברייט געוועבט איבער פארמישפטע שטעטלעך, האט זיך דערנענט צו קינדערשע הערצער... זיך דערנענט און געווארן אפגעשטויסן: קלארער און ניכטערער האבן אנגעהויבן קוקן קינדערשע אויגן.

און גיך האבן זיך באוויזן נויט, עלנד, צווישן פינסטערניש, בשאס און אומגעהויערער קנעכטשאפט...

מיר האבן צעגויפגעפרעסט די יונגע ציין און מיט פארבאהאלטענעם שטאלץ און שפאט אנגעהויבן שפאנען און זוכן...

זאָרגלאָז, ווילד האָט אַ זינג געטאָן אָשר שוואַרצמאַן און ניט באַוויזן פאַרשרײַבן דאָס געזאַנג— מיט פאַראַקשנטער האַכנאָע איז ער אַרײַן אין קאַזאַרמע, זיך געבריִדערט מיט גרויע רייען, פאַרשוואָנדעט קויאַך אין דאָרפישע געיועטן, אין דרעסירן ווילדע פערד.

אָט זײַנען מיר שוין אינאײנעם אין דרײַען. אָפט ווײַט איינער פון צווייטן און אינאײנעם...

אָט זע איך דיך אין פאַרפלעקטער אַרבעטער-האַלבאַטש. די קלעפּסט צו אונזער ביסל קרעפּטיקער וואַלדישער רו, הערסט זיך טיף צו צו אונזער ברוסט-שטים און אַליין ביסטו שוין פול מיט גאַליק-שמייכלענדיקן, פון מאַרקן געבראַכטן אומרו. אָט זע איך דיין אומגעדולד פאַר זיך און פאַר מיר, דײַן פיבערדיקן טוען... דענסטמאָל האָב איך פּאַשעט ניט באַנומען דײַן אומרו.

און זע, טײַערער אַרקע! דער עפּל פון אַליין געשאַפענעם גליק רײַפט לאַנגזאַם און רײַסן רײַסט מען אים מיט פאַרהאַרטעוועטע הענט, מיט אויסגענײַכטערטע שמייכלענדיקע בליקן...

און דיר האָט דאָס לעבן געגעבן גאָר אַ באַזונדער שול פון עכטער ניכטערקײַט... סיביר, רוסישע קאַזאַרמעס, דערנאָך פראָנטן. און אומעטום מיטן ליד, וואָס האָט זיך געטראָגן פון רוסלענדישע טיפן, מיט אָט דעם ליד, וואָס האָט שטענדיק געהאָלפן אַרויסזאָגן גרויסע שוטפעסדיקע ווייען—פרייד.

גענוג און איבעריגענוג!

האסט דאס פולע רעכט מיט דיין זינגענדיקער נשאמע פא-
דערן באם לעבן, וואס האט אפגעזאגט און שטילקייט, האסט
דאס רעכט פאדערן באם לעבן עס זאל ניט איילן זיך מיט זיין
צווייטן געשאנק — פארגעסנהייט פונם איבערגעלעבטן.

מיינע בעסטע וואונשן דיר, טייערער.

**דיין דוד האפשטיין.**

21 X—5 מאסקווע.

## עקראַן.

הערט אויס!
דאָס רעדט מיט אייך איך—עקראַן!
טאָשמעס פון סאַמעט און ראַמען געגילדטע
האָבן לאַנג מיך געהאַלטן געפאַנגען.
באַצירטע מכיצעס—ווענט און צאַמען
האָבן אונז שטענדיק געזונדערט,
און רוף מיינעם העלן
האָט מען פאַרביטן מיט קרומע געשרייען פון שילדן..
היינט
האָב איך צו ווענט זיך געווענדעט:
— צעגייט זיך!
אויס דעכער, אויס דילן!
באַפרייט מיר די רוימען...
אהער...
אַלע קעפּ, וואָס צוזאַמען דאָ שאַפן די פאַמען פון קעפּ.

פאַר אייך בין אַנטשטאַנען,
פאַר אייך בין געבוירן...
ברייטער די סטויפּעס אַף מיטן פון פּלעצער!
איבער שלונגען פון שליינגישע גאַסן שטעלט אוף
מיין בעלעמער...
מיין זוים וועט זיין—הימל!..
מיין רוים—
דער פילטויזנטער בליק פון המוין!..

## ווענט.

מיר,
הויכע, האַרטע, פעסטע ווענט,
פאַראורטיילטע: הערן און שטומען...
טויזנטער,
טויזנטער יאָרן מיר זיינען געהאָרכזאַם געוועזן:
געהערט און באַנומען!..
און שווייגנדיק,
אין זיך דעם מורמל פון דורעס געשטיקט...
נאָר מער,
מער וועלן מיר שוין ניט שווייגן...
מיר הערן:
אַ שטייגן,
אַ גרייפן,
אַן אָפּקלאַנג
פון שווערע, פון שטייפע, פון אייזערנע טריט...

ס׳גייט אַ גרויסער, אַ מעכטיקער,
אַלץ וואָס ערשט נעכטן
געהערשט האָט ווי פעלז,
ווי גראַניט,
פאַלט פאַר אים, קניט
מיט ציטער און גרויל...
— גיט אונז אַ מויל!
באַקלעפּט און באַהייגגט אונז
מיט מיינגעס אַפּישן, פּלאַקאַטן און בלעטער..
מיט זיי,
ווי מיט ריזיקע גאָרגלען,
וועלן מיר שרייען:
מיר הערן—
פעסטע, שווערע, זיגערישע טריט!..

*

שטאָט,
אַלטע שטאָט!
פאַר יאָרן פּיין פון טויזנטער פאַרשקלאַפטע,
פאַר קלאָלעס ביטערע,
וואָס שוועבן אום אָף דיינע מויערן,
היינט,
אין בייזן טאָג אין דיינעם,
ווער וועט דיר בלייבן טריי,
ווער וועט דיין צאַר באַדויערן?

אַלטע שטאָט!
ווי שטאָל
איז פעסט געווען דיין הערשאַפט
אף געגנטן און ווייטן,
און וואו איז איצט דיין מאַכט און קראַפט?
פון הימל,
וואוהין דו האָסט געטייטלט

מיט שטאָלצע שפּיצן
פון דיינע טעמפּלען
האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דיר
שווערע נעפּלען,
בלייערנע...
און אָפּגעטאָן האָט זיך פון דיר דיין שיין,
און אויסגעלאָשן זיינען דיינע פייערן...

ס'טריפט ניט מער ווי לויטער בלוט קיין ליכט
דורך קופּער פון דיינע אָדערן...
נעכט,
וועלכע פלעגסט באַגעגענען מיט שיין באַוואָפנט,
איצט רינגלען אום אַף דיר ווי שוואַרצע קראָען,
און שמידן אַלע דיינע בלינדע גלידער
אַף לאַנגע, לאַנגע שאָען...
און געגן גרויע מאָרגנס
ערוואַכסט ניט מער מיט שטאָלץ
דיין הערשנדיקער רוף,
אַף וועלכן
שטומע דערפער פלעגן אונטערטעניק
אויסשיקן צו דיר אַף נוים אין אַרבעט
געזונטסטע זין און טעכטער.

אַלע האָבן, אַלטע שטאָט, דיר ווידערשפעניקס,—
די פעטע זאַטע ערד
האָט אויך פאַר דיר פאַרמאַכט איר פוקן שויס
און האָט אין דיר פאַרגעסן,
און די האָסט אויסגעשפּריים, ווי בעטלערישע הענט,
די פוסטע ווענן דיינע
צו פעלדער
מיט איין געבעט גאָר: עסן!
און ווייטן הערן דיינע ניכנעדיקע רופן
און שאָקלען נאָר מיט קאָפּ אַף דיין בייז-וואונדער..

אַלטע שטאָט!
אין בייזן טאָג אין דיינעם,
ווען שווערער אומעט שוועבט אַף דיינע מויערן,
פאַר קלאָלעס בישפּיץ, פאַר יאָרן פּיין,—
ווער קומט צו דיר מיט טרייסט,
ווער וועט דיין צאַר באַרויערן?..

*

ליגט מיין ערד אָ דאָרשטיקע און הייסע
מיט פאַרשמאַכטע, לעכצנדיקע ליפּן—
בלויער פרילינג האָט אָף איר ניט אויסגעטרייסלט
די געבענטשטע רעגנספּולע זיפּן.

ניט געשאָלט אף איר האָט זומער העלער
מיט צעבליצטן דונערדיקן האָרן...
אך, אומזיסט, אומזיסט איצט גאָרן פעלדער
נאָך אַ זאַטער ליד פון רייפן קאָרן.

נישט קיין זאַטן, נאָר אָ הונגעריקן ניגן
צו שפּאַרונעס—אויערן פון פליימן...
און סע גליוועדן באַ ווינטמילן די פליגל—
הענט פאַרבראָכענע אין ווייטאָק...

# ראָסיִאַ.

1.

דוד האפשטיינען.

ווער וועט אונז דערציילן, ווער וועט אונז באוואוסטיקן
פון געשייענעם און פון געוועזענעם...
הוי, ראָסייע, קוויטיקע און מיסטיקע,
ס'האָבן ניט פאַרשאָרט דיך
וועלטס פאַרשטויבטע בעזעמער.

ניט פאַרשאַרט דיך, נאָר די האַרטע ריטעלאַך
אויסגעריבן און געזייט אַף דיר בייז-ווילנדיק...
הוי, געדיכט צעזייט און אויפגעגאַנגען שיטערלאַך—
נישט דיך בייגעקומען, נישט פאַרטיליקט דיך.

מעג זיך וועלט נאָך אָקשענען.
מעג זיך וועלט ניט רעכענען
ניט מיט דיינע עמעסן, ניט מיט דיינע ליידן,
רויכיק, אָבער ליכטיק ברענען פעסער פעכענע,
וואָס דו האָסט אָנגעצינדן אָף דיין גרויסן שייד-וועג.

ניט דער גיבער שימשוין אין זיין לעצטן ראַנגל
טרייסלט אוף די זיילן פון זיין פיינטס פעסטונג,
דאָס האָסטו, מיין לאַנד,
די וועלט באראשט מיט קלאַנגען,
וועלכע שטייגן היינט פון דיינע גלאָקן-נעסטן.

אונטער הויכע הימלען, איבער וועלטנס-ענדן
ניט קיין כמאַרעס רינגלען, ניט קיין ווינטן רעדערן..
הוי, דאָס פליען אוף
און וויכערן אָף לענדער,
פון דיין שוואַרצן אָדלער אויסגעפליקטע פעדערן.

און פון פייער-בליצן שנעלער נאָך און פליצלינגער
ליכטיקער און פאַרביקער פון מענשישע באַגערן
האָט אָף ערדן אופגעשיינט
דיין פינפשפיציקער,
דיין ניצאָכנדיקער פייערדיקער שטערן.

2

אַף רויטן פלאַץ, וואו שאַרף פון האַק
האָט דורכגעבליצט
אַף האַרטן אָדערדיקן האַלז פון ראַזיגען,
האָסטו פאַרמעקט מיט פלאַטערדיקן היינט
די אַלטע קריצן פון רציכעדיקער אַזיע.

און פוסטע אָדלער-נעסטן אַף די אַלטע טויערן,
און גרינע קווארים אונטער קרעמלס ווענט
דערציילן שוין פון טאָג,
ווען דו האָסט זון פאַרבלענדט
מיט שיין פון זיגן אומגעהויערע.

אָ, ווען ער זאָל קאָנען הערן, דיין געקעפּטער העלד,
ווי פייערדיקע פערד צעצוימטע
היינט יאָגן שוין צו טויערן פון וועלט
דיין גרויסן רויטן יאָמטעוו.

מאָסקווע.

*

אין דײַנע שטעט, אָנשטענדיקע אייראָפּע,
די גאַסן גאָרן נאָך אַ יאָפּעטעוו
מיט דאָרשט פון זומער-פעלדער,
וואָס קאָנען זיך אָף רעגן ניט דערוואַרטן...

פון לאַנג צעזייטע שטורם-זוימען
צעברויזן זיך די שטיינערדיקע האַרטן...

פאַר פרייד פון שטייגנדע הימוינעס,
פאַר הילכנדיקע טריט פון פרייהייט
אַן אָפּקלאַנג האָבן ווענט פאַרטייעט...

און לופטן שנײַדן דורך שוין בליצן
פון רופן פלאַמיקע, וואָס מונטערן און מאָנען,
און טורעמס וואַרטן, שוין מיט אָנגעגרייטע שפּיצן
אָף רויטע זיגערישע פאָנען.

גאָס וועט דיין אָרן הײַנט וויגן
אַף פּליסנדע וועלן פון קעפּ,
און מוטערליך ציען אַ ניגן
פון מוט און פון טרויער געוועבט.

אין לאנגזאַמען ציטריקן שיידן
וועט אָפּגיין דער לויטערער טאָג...
גאָס וועט באַגלייטן אײַך ביידן
ביז שטומען פארטייעטן ראג.

און וועט זיך פאַרהילן
מיט נאכט ווי מיט פינסטערן קרעפּ...

גאָס וועט דײַן אָרן הייגט וויגן
אף פליסנדע וועלן פון קעפּ...

# איך

(פראגמענטן)

1.

... ווער בין איך, וואָס בין איך און וועמעס,
אויב ניט וועלטס און ניט מענשהייטס אַ קינד...
צי בין איך ניט די פאַסנדסטע טעמע
פאַר דער ליד, וואָס איך שאַף אַצינד...

כ'בין פאַרגראָבן מיט מי אין עלטער,
אין מאָרגן מיט שטרעבן פאַרוואָרצלט,
נאָר הייַנטיקער טאָג געוועלטיקט
אַף מיר דעם גרויסן און שטאָלצן.

וואָס בין איך, ווער בין איך און וועמעס,
ווען הייַנטיקער טאָג איז דער שטאַרקער.
איך וואַרף אייַך אין פּנים דעם עמעס,
אַז איך בין אַ קעסט-קינד פון מאָרקן.

איר ווייסט דען, וואָס הייסט זיך רייבן
באַ טירן פון וועלטישע קראָמען
און שטענדיק, און שטענדיק פאַרבלייבן
מיט ליידיקן זאַק פון נשאָמע.

2.

... מיך האָט לעבן געלערנט שטענדיק
(נישט געלאָזט זיך אַפילע אַרומזען)
און לערנען מיך שיר ניט פאַרענדיקט
אַף שפּיל-פּלאַץ פון וועלטישן אומזין.

אַף קאָפּ מייַנעם גרוילן די שרעקן,
וואָס האַרץ האָט פאַרטרויעט מייַן זיבען,
ווען איך האָב איבער בלוטיקע שטרעקעס
געשפּאַנט צו טויטס מדינע.

אַך! וויפיל צאַפּלענדיקע וועלטן
האָט פארשלונגן דער מדינעס מויל...
אַך! וויפיל לידער זעלטענע
פארזיגלט מיט אַ גראַם פון אַ קויל...

3.

...מיך האָט איינגעמידט ערדס באַוועגונג,
איך האָב וואַנדערן ניט געקאנט שוין מער,
האט ערד אַף די הענט פון וועגן
מיך אָפּגעטראָגן אין שטאָט אַ הער.

שטאָט! פאַרוואָס איז דיר געפעלן,
אנשטאפּן דיין בויך מיט איינגעשאָפּט...
איך קלאפּ זיך אין ווענט פון עלנד
מיט קאָפּ פון מיין אייביקער ביינקשאָפּט.

ווי בלייבט מען אין דיין געווימל
איין-איינציקער קלאַנג אַ צאַרטער,
אַז הויכן און בלויען הימל
האָבן מויערן פאַררוקט הינטער גארטל.

4.

...אין אָפּשיין פון העלער ליכט
איז גרויס אויך פון שאָטענס די שפּיל...
אַלע טייכן שטראָמען אין יאַם פון מיין איך
און איך בין אַלץ ניט פול.

מיין פעלזיקער ברעג נישט פאַרפּלייצט איז
און פייער אַף אים גאָך ברענט...
אָ, ווער ניט מיד, מיין פּלייצע
אונטער דער מאסע: מענש.

5.

...ווען-ס, ווען-ס גלויביקער „אמן"
שאַלט דאָרט אין שטייגנדער ווייט...
עפּשער צייכנט שוין מאָרגן מיין נאָמען
אַף גאָלדענעם טאָוול פון צייט.

איך גלויב דיר אַלץ פעסטער און פעסטער,
אָ, צייט, אייביק טרייע און מונטערע...
דו וועסט קיינמאָל נישט מיד ווערן מיך מעסטן
מיט מאָס פון זומערן און ווינטערן...

*

יוסף גערוויכ׳שן.

אף שלאכט-פעלדער וויסטע וואלגערט איר זיך...
געשאכטענע
דערשטאכענע,
מיט ארויסגעפאַלענע געדערעם...
ווי אַף מיסטיקע קופעס
זשומען אום פליגן אף אייך,
פארקריכן אין אייערע אפענע מיילער
און לעקן
דאס פארטרוקנטע בלוט פון אייַערע שמוציקע וואונדן-
ציין,
פארגליווערטע אין לעצטן אנשטריינגונג
שטשירן זיך קעגן דער זון,
און זון
פון דער הויך קוקט אראפ
אף אייך און אף גרעזעלאך יונגע...

פאַרשניטענע ברידער!
ווער האָט אײַך פאַראורטיילט?..
אין וועמעס אַ גאָרגל
איינזויגן זיך מיט פאַרגיפטעטע ציין...
פאַר שלאכט-פעלדער וויסטע,
פאַר אײַערע ליידן...

אפן וועג קיין ווילנע.

*

מײַן הונט איז פֿאַרוואונדעט...
געמיינט, אַז איך וואַרף אַ שטיק ברויט...
און איך האָב צום פּיינט אַ גראַנאַטע געוואָרפֿן.
געלאָפֿן דאָס כאַפּן ..
מיט אימפּעט געלאָפֿן ביז רויכיקן אופֿרייס
און אומגעקערט האָט זיך צוריק,
אַ באַפֿלעקטער
מיט בליענדע צייכנס פֿון ווייטאָק...

און ליגט איצט אַ נידער צו פֿיס צו מײַנע
דאָרשטיקן צונג...
און שטילע, און שטומע צוויי הינטישע אויגן —
אויגן באַפּייכטע מיט פֿראַגע, מיט טײַנע...

..איט וואָס זאָל איך טאָן מיט מײַן הונט,
וואָס פֿאַרשטייט ניט,
וואָס קאָן ניט באַגרייפֿן, וואָס איז אַזוינס אומזין,
וואָס ווייסט ניט
אַף וואָס און אַף וועמען זיך קלאָגן...

. . . . . . . . .

— אָ, נאַרעלע, נאַר, כ'האָב דיך דען געמיינט?..

*

דורך טירן און פענסטער פֿאַרקייטלטע
באַלאַגערט, באַלעגערט מיך האַרבסט,
פון זאַפטיקן, פרויזנדן ווייטאָק
וועל איך הײַנט ניט באַהאַלטן מײַן האַרץ.

זאָל אומעט מיך פליקן אַף שטיקער.
זינגען! דאָס האָט ניט צו דיר...
פאַר ווינטן, וואָס קאָנען פאַרשיקערן
וועל איך ברייט צעעפענען מיין טיר.

זאָל אומעט און ווייטאָק הײַנט דויערן
און פּלאַטערן שטום אין מײַן ליד,
ווי שוואַרצע פאָנען פון טרויער
אַף טורעם פון שווערן געמיט.

1.

מײַנע שיפֿן שוין וואַרטן אויף ווינטן
באַם האַפֿן פֿון צושטערטן גליק...
איך האָב רויִק צעשלײַפֿט און צעבונדן
די רינגען, די קייטן, די שטריק...

איך וועל אָפּשווימען אין ווילד-פֿרעמדע לענדער,
וואו טרייסט וועט ניט היטן מײַן טריט.
היי, זעגלען! צו ווייטן זיך ווענדעס,
פֿון דאַנען קיין בליק נעמט נישט מיט...

2.

שמואל ראסיגען.

**אין לאַנד פון עלטערן, אַף אַלטע, שטרייגגע טורעמס**
האָט טרויער ענדלאָזער און טיפֿער
אויפגעהאַנגען שוואַרצע פאַנען
נאָך מיינע אומזיניקע שיפן,
וואָס האָבן רו פאַרביסן אַף סאַקאַנע.

און האָפנונג מוטערשע, פאַרביינקטע און געטרייע
האָט ברעגן זיכערע באַוייכנט
מיט רוף פון פייערן,
מיט בליקן וואַרימע און ווייכע.

נאָר מיינע אומזיניקע שיפן
פאַר ברעגן און די פאַרלאָרענע...
וואָס קאָן שוין וואַרענען
פון שטורם און פון טיפן?..

3.

פאר יוגנט פארשייטער און דרייסטער,
וואָס האָט אירע האָפנס
אף שיפן פון אומזין פארביטן,
וואָס דייבקט ניט און ווייסט ניט
פון זיכערע רוהיקע ברעגען, —
וואָס טויגן ערפאַרונג און וויסן
פון אלטע געמאסטענע וועגן...

פון מילדע פון זאָרגנדע מוטערשע בליקן
אף אייביק, אף אייביק צו שטורם זיך ווענדן...
פאראן ערגעץ ריזיקע, רייצנדע גליקן,
נאָר ניט אין די פאָטערשע לענדער.

פאראן ערגעץ ברייטן און לייגנן, און ווייטן
אף וועלטן צו שאפן . . .
פאר שיפן פון אומזין פון יוגנט פארשייטער —
דאַרפן אַ האָפן !

# אינהאַלט:


פאָרוואָרט . . . . . . 3

**וועגן:**

עקראַן . . . . . . 9
וועגנט . . . . . . 11
שטאָט . . . . . 13
ליגט מײַן ערד . . . . 16
ראָסייאַ . . . . 17
אַף רויטן פּלאַץ . . . . 19
אין דײַנע שטעט, אייראָפּע . . . 21
גאַס חע טדיין ערן היינט וויגן . . 22

**איך:**

איך . . . . . 25
אַף שלאַכט-פעלדער . . . . 29
מײַן הונט . . . . . 31
דורך טירן און פענסטער . . . 33
מײַנע שיפן . . . . . 34
אין לאַנד פון עלטערן . . . 35
פאַר יונגט פאַרשייטער . . . 36

# קליינע ביבליאָטעק

## -------- „ליריק" --------

### ערשינען:

ד. האָפשטיין — זונען־שליטן
" — גינען־געוועב
ל. רעזניק — אין פלייכע אויפגאנגען
אשר שווארצמאן — פון גאלדענע הייטן
א. קושניראָוו — ווענט
י. דאָברושין — אלעקסאנדר בלאָק (עטיוד)
י. טשייקאָוו — סקולפטור

### גרייט צום דרוק:

נ. אויסלענדער — פראָנט
נ:סטער — מאָטיוון
ד. וואָלקנשטיין — ערדן־געטראַנק